לעאָן בערטיש

# שטילע ווינקלען

לידער

פאַרלאַג „שלום עליכם" בוקאַרעשט
1939

צום הייליקן אנדענק

פון מיין פאָטער ז״ל

דב ב״ר דוד —

דעם טרוימער און דערציילער —

ווידמע איך די „שטילע ווינקלען״.

. . . . . . . .

בין איך ווי אַ בוים אין האַרבסט־טעג,
אָנגעצוויקט פון ווינט און רעגן;
און מיין האָפנונג — די חלומות —
ווי די בלעטער אויף די וועגן...

# די שול

שטילער, שטילער... אלץ מער שטילער...
צוגעמאכט דאָס לעצטע קלייטל —
קיין נשמה אויף די גאסן,
און ווי טויט דאָס גאנצע שטעטל.

איינגעהילט די נאַכט אין טרויער,
פינצטער, מוראדיק און קיל —
אין די שטיבלעך זיצט מען שבעה
נאָך די ספרים פון דער שול.

נאָך דער שול פון הונדערט יאָרן,
מיט די ווענט פון סאָסנע־גלידער;
פון די שולן פון די אלטע
וואָס מ'זעט שוין קיינמאָל ווידער.

נאָך דער שול פון הונדערט יאָרן
וואָס מיט טויזנט קליינע נעסטן,
פון די שוועלבאלעך וואָס שוויפטשען
און וואָס שוועבן און וואָס טרייסטן.

נאָך דער שול פון הונדערט יאָרן,
פול מיט שיינקייט, פול מיט ווונדער,
ווו מ׳פלעג די חופה שטעלן,
ווו ס׳פלעגן לערנען קינדער.

אין דעם טאָג פון הושענה רבה,
אין דעם יומטובדיקן טאָג,
ווי ביי חורבן בית המקדש
ווערט אַ טרויער, ווערט אַ קלאָג.

מענער, פרויען, קליינע קינדער
איינגעהויקערטע אין דרײַען,
לויפן ווי פאַרווונדטע חיות,
בעטן יאָמערליך און שרײַען:

„ס'ברענט די שול, ס'ברענען ספרים"!
יעדעס וואָרט איז פול מיט מורא.
„ס'ברענט די שול, ס'ברענען ספרים"!
אַ ציטערניש, אַ מרה שחורה!

אַ דערטרענקעניש פון רויך;
אַ דערטרענקעניש פון גיפט.
שווערע פונקען, שעדליך פייער
יאָגן שרעקליך אין דער לופט.

ווי אין אַ קאַלטן-אויוון הייסן
ווערט דער אָטעם שווערער, שווערער...
ווי אין סדום... צו דערשטיקן,
וואָס אַמאָל אַלץ מערער, מערער...

ווער קען רעטן, ווער קען העלפן?
שוין צו שפּעט; אומזיסט דאָס אײַלן.
די גאַנצע שול איז ווי אַ פאַקל
און לײַכט סכנות ווייט אויף מײַלן.

גאָרנישט, גאָרנישט קען ניט העלפן,
גאָרניט, גאָרניט האָט קיין ווערט.
רויטע פלאמען ווי די רוצחים
ווארפן אום די שול צור ערד.

און פון שיינעם מקום קדוש,
ספרים, פרייליכקייט און רעש
בלייבט קיין סימן צו דערמאנען —
ניט אַ סלעך, אינגאנצן אַש!

. . . . .
. . . . .

און אַז אַ שול מיט ספרים ברענען
וויינען יידן — בלוטיק טרערן;
וויינען מתים אין די קברים;
וויינט דער הימל, וויינען שטערן.



די שול

II.

אַ מעת־לעת שוין נאָך דער שׂרפֿה
און דאָך קיינער קען פֿאַרשטיין:
איז געווען אַ בייזער חלום,
צי אַן אמת דאָס געשען?

יעדעס פּנים איז פֿאַרביטערט,
און פֿאַראומערט און פֿאַרצויגן.
יעדעס האַרץ פֿאַרגיפֿט, פֿאַרשטיינערט
און אַ שאלה אין די אויגן.

אויף דעם מקום פֿון גאָטס נאָמען,
וווּ די שכינה האָט גערוט,
ווי אַ נשמה'לע — אַ קרבן
שטייגט אַ רויכל זיך מיט...

און ביים אַש דאָרט שטייט אַ זקן
מיט אַ פּנים פֿון די אבֿות,

זוכט פֿאַרזאָרגט, פֿאַרטיפֿט אין שמות,
וואָס ער ראַטעווועט צו קבֿורות.

זוכט אין אַש צור וואנט פֿון מזרח
ווו געשטאַנען איז דער ארון,
ווו כּהנים פֿלעגן בענטשן
נאָך צוריק מיט הונדערט יאָרן.

זוכט און שאַרט... און לעגט צונויף זיי
אין אַ ווייסן לייוונט־זעקל,
שטיקלעך פֿאַרמעט פֿון די ספֿרים,
נאָך אַ שטיקל, נאָך אַ ברעקל!

נאָך אַ ברעקל, נאָך אַ שטיקל,
גאָרניט גייט ביי אים לאיבוד.
טוליעט צו זיין האַרץ דעם אוצר,
און געבויגן שפאנט און כליפעט.

III.

שוין שפעט, שוין שפעט, שוין מיטן נאַכט,
מיין קאָפּ פאַר מידקייט טומל'ט.
און מיט מחשבות בוירנדיקע
ווער איך באלד אנדרימלט.

און פלוצים גאָר אַזוי אין שלאָף
זע איך גײַסטער ווייסע,
איך גיי נאָך זייער מענגע נאָך,
נאָך מיר — אַ שווערע מאַסע.

און אַז איך קוק מיך בעסער צו
דערקען איך טויטע קרובים;
כ'הער זיי שמועסן שטאַרק פאַרזאָרגט
פון זינד און מעשים טובים.

און פלוצים גאָר בין איך אין פעלד
און הער דעם עולם קלאָגן;

פאַרשטאַרצט אַרום אַ קבר שטייען
ביים זקנ׳ס קדיש זאָגן.

כ׳זע מיט מורא און מיט שרעק
מצבות ווי זיי רירן,
באַקומען פיס, און קומען אויך
דאָס „מת" צו אונטערפירן.

און פּלוצים גאָר... איז מער קיין פעלד
און אַלצדינג ווערט אַנטרונען;
די שול באַווייזט זיך יומטובדיק
מיט לעכטלעך אָנגעצונדן.

און נאָך אַ רגע, אַלע ווענט
די ווענט פון סאָסנע־גלידער,
צעפאַלן זיך גאָר אײַנציקווייז
און ווערן ביימער ווידער...

און ווי כ׳שטיי אַזוי און גאַף,
דאָס בילד ווערט אויך פאַרלוירן

און פון די סאָסנעס — מער ווי גראָז —
אַ וואַלד ווערט נײַ געבוירן.

אַ וואַלד וואָס וואַקסט, אַ ריזן־וואַלד
מיט קוואַלן וואָס ניט רוען,
מיט זינגערס וואָס פֿאַרהערן זיך
אין זיסע מעלאָדיען.

און מער די זינגערס צויבערן
דערמאָנען מיך די קלאַנגען
דאָס דאַווענען פֿון שחרית,
פֿון מוסף — די געזאַנגען.

און פּלוצים גאָר אין מיטן וואַלד
אַ רעש ווערט, אַ געטומל,
אַ פֿײַער שפּריצט פֿון ערד אַרויס
און שטײַגט דערויף ביז צום הימל.

די צווײַגן בינדן זיך צונויף,
פֿאַרקניפּט דאָס וואַלד אינגאַנצן;

די ביימער שליסן זיך אַ קייט —
אַרום דעם פייער טאנצן.

און מיט די ביימער דאַכט זיך מיר,
אַז ס'טאנצן אלע אבות,
דעם אלטן שמחת־תורה טאנץ
מיט געהויבענע הקפות.

ביימער יינגע, ביימער אלטע
מיט הקפות אלע גייען
ווי דער שטייגער איז ביי יידן —
זיבן מאָל אַרום זיך דרייען.

ריזן־שפאן פון גרויסן עולם
קלינגען אין דער נאַכט און שאַלן
ווי דונערן וואָס פלאצן
און מ'הערט זיי ווײַט אויף מײַלן.

און ווייט... און טיף... פון טיפן וואלד
יאָגט אָן אַ טאנץ אַ נײַער.

אַ חסיד־טאַנץ וואָס האָט קיין סוף
ביים פלאַקערדיקן פייער.

אוןביימער, מענטשן דרייען זיך,
פרייד און טאַנץ זיי טראָגן —
אין פאַנטאַסטישן ווירוואַר
טאַנץ איך אויך פאַרטראָגן.

און אפשר וואָלט איך נאָך געטאַנצט
אָן דאגות און אָן מורא.
אַ אָוונט־ווינטל רוימט מיר איין:
„מ׳שלאָפט ניט שמחת תורה“!

. . . . .

. . . . .

דער ווינט שפּאַצירט זיך אײַלנדיק
און סודעט ביי די ווינקלען
מיט בלעטער וועלכע רוישן שטיל
און שטערן וואָס זיי פינקלען...

## דער עמוד

לעצטע פורפור־רויטע שטראַלן
האָבן זיך צעראַפּגעצויגן,
ווייל די זון אויף איר געלעגער
האָט זיך שטיל דעם קאָפּ געבויגן.
און פון בלאָע מערב־קוועלן
האָט דער אָוונט זיך צעשפּרייט,
איבער ערד און איבער הימל,
אין דער לענג און אין דער ברייט.

צו דעם פּאַליש פון בית מדרש

צים דער עולם פון דערוואַכן;
באַלד איז מנחה־מעריב פּאַרטיק,
און דער מנין זיך צעקראַכן;
לעכטלעך ווערן אויסגעלאָשן,
שאָטנס וואַקסן אין די ווינקלען —
ווי אַ סוד צווישן סודות
בלייבט דער עמוד אין דער טונקל.

קריק מיט יאָרן אין בית מדרש
האָבן זיך אין אים געשפּיגלט
אָדלערס, רויזן אין מעש געקינצלט...
צווישן לעכטלעך אויסגעפּליגלט
זיי געבלישטשעט, זיי געפּעכלט... —
ווי מיט מורא און מיט כבוד
פלעג צו אים אַ בליק דערלאַנגען
פון זיין "שטאָט" מיין זיידע דוד.

היינט אין פאָליש שטייט ער ברוגז
ווי אַ זקן אַ פארטראכטער·
שטאָט די אָדלערס מיט די רויזן
גאָר צוויי קרומע אלטע לייכטער.
און אַ יאָרצייט־לעכט אַ עלענטס
ווארפט אַ שײַן אַ טונקל־בלאָע
אויף די שטילע מידע שאָטנס
פון די אָוונטן די גראָע·

שפעט באנאַכט אין ריינער שטילקייט
ווען ס׳שלאָפט דער שאָרך דער דינסטער,
און די גאסן און די געסלעך
זענען איינגעהילט אין פינצטער,
אינם פאָליש שטיל דערוואַכן
שטילע קולות, מילדע טענער:
טרייסט און טרערן־מעלאָדיען! —
און דאָך לעדיק, און דאָך קיינער·

און דער חלל פון בית מדרש
פולט זיך אָן מיט צאַרטער תפילה,
ווי אַ בת קול וואָלט געזונגען
אָן אַ חזן, אָן בעל תפלה;
נאָר איין עדות ווייסט דעם אמת
און דאָס איז דער נר תמיד,
נאַכט אויף נאַכט אין שעה באַשטימטער
זינגט אַליין פון זיך דער עמוד.

אַ געזאַנג פון שטילע קוואַלן
פון די וועלדערישע טאָלן,
רויש פון בלעטער און פון זינגערס
פון די זומער־נעכט וואָס מאָלן
אַ געזאַנג פון וואָלקן־פלאַמען —
אַ פאַנטאַסטישער „אבינו" —
קלינגט דער עמוד ווי דער פידל
ביים באַרימטן פאַגאַניני.

און ער זינגט נאָך מער פארכישופט,
מיט מער צויבער קלינגט דער ניגון,
ווען מ'איז מזכיר פאַר די טויטע
אין די יום־טוב טעג ביי יידן,
דעמלט לויפן אן נשמות,
פולן אָן די „שטעט״, די ערטער;
אַ מין תפילה ווערט געמורמלט:
זייערע טרערן — זייערע ווערטער!

דעמלט קריגט דער אלטער עמוד
ווידער זיין אַמאָליק גדלות.
מיט אַ קרוין פון רויזן, אָדלערס
איינגעהילט אין לאנגן טלית;
און ער ציטערט ווי אַ זקן
און מיט אים נשמות פראַכן;
פאַר געשטאָרבענע בעלי־תפלות
אלע אין כאָר אַ מלא מאַכן!

און דער כאָר ווערט צונ׳אַ חלום
און הייליקער דער חלום ווערט,
ווייל די קולות פונם עמוד
בויגן הימל צו דער ערד;
און די נאַכט ווערט צונ׳אַ וואָלקן
און דער וואָלקן צונ׳אַ רויך
און דער עמוד שוועבט פאַרשל׳ייערט
צו דעם הימל... הויך, הויך...

# „בוקר״ *)

„בוקר״, „בוקר״, „בוקר !
ביי אַ שמחה —
פלעג אונז חנא קלעזמער זאָגן.
טויזנט טעמים — אַ מחיה :
באָבעס, זיידעס די געטרייע,
און דער עולם באלד איינגאנצן
פלעג זיך דריבניטשקע צוטאנצן —
ווען ס׳פלעג אינדרויסן טאָגן.

*) פאָלקס-ליד

„בוקר”, „בוקר”, „בוקר”!
ביי אַ שמחה —
פלעג דעם עולם ווי צעטראָגן:
טענער, קולורס וואָס זיי גליען
און וואָס רופן דיך צו פליען;
ווי פון הימל פלעגן פליסן,
אין די הערצער זיך צעגיסן —
ווען ס'פלעג איינדרויסן טאָגן.

„בוקר”, „בוקר”, „בוקר”!
ווי פאַרצייטן —
איז נישטאָ היינט ווער ס'זאָל זאָגן.
מער קיין „חנא'ס”, מער קיין פרידן,
מער קיין שמחות ניט ביי יידן,
ווידער צייטן פון רחמנות
און „די נאַכט” איז לאנג סכנות —
און „אין דרויסן” וויל ניט טאָגן...

## פּישל

ביי אונז אין שטעטל איז באַקאַנט
„פּישאַלע״, רב פּישל!
ער האָט פאַרשוינען אָנגעלעגט
אפילו אויף דעם דישל.

שטענדיק טראָגט ער וועסטליך דריי
און שווערע שטיוול אין ליידן,
ער פירט די בריוואַלעך אין זיי
און שטעלט צופרידן יעדן.

נאָך פון באָבע טאָלצעס צייט
איז — פאַרשטיי — זיין דראָזשקע
מיט בינטאלעך ארומגעפאקט,
ווייזט זי אויס אַ קוואָטשקע.

זי האָט אַ גרויסן „אויבן־אָן"
און האָט אויך אן „אַקעגן" —
וויאזוי מ׳פאָרט מחיה׳דיק
זאָלט איר גאָרניט פרעגן.

מ׳הויקעט זיך, מ׳טרעסעט זיך —
אָנגעלעגט מיט וועריך;
מ׳שפאנט אַביסל באַרג ארויף
און מ׳רעדט זיך דעריך.

לאנג דער וועג, די פערדלעך שוואַך,
ברומט מען צו אַ ניגון...
פעלדער שמעקן פון אַרום,
ס׳איז אַ פארגעניגן.

דערעכפאָרנדיק דאָס וואַלד
מיטן ביסל סחורה —
פישל אַ געשפּראָכענער,
פישל האָט ניט מורא!

און אַז אין שטעטל קומט ער אָן
(מיטן רבינס כוח)
ווערן זיינע פערדליך פלינק,
אַז ס׳גייט אַ רויך!

# אויפן קלויסטער־דאַך

אויפן שפּיץ פון קלויסטער־דאַך
זיצט זיך אהרן בלעכער,
ער זינגט זיך צו אַ ניגונ׳דל
און פּארקיטעט לעכער.

ווען ער זאָגט דעם „יהי רצון״
פון ראש חודש בענטשן,
הערן פויגאלעך זיך צו
און אין גאס — די מענטשן.

גייט ער איבער מיט דער פֿאַרב —
זאָגט ער „השכיבנו",
און קלאַפּט אויס מיטן העמערל
„אבינו מלכנו".

ביים געוויין פֿון יום הדין
בלייבן שטיין ערלים,
טוען אַ קוש, טוען אַ זיפֿץ,
און מאַכן זיך דעם צלם.

קלויסטער־גלאָקן קלינגען שפּעט
און בעטן ווי מחילה.
דער דרויסן קומט מיר דעמלט פֿאָר
עפּעס... ווי צו נעילה.

# דער זיידע

ביי דעם ברעג פון טײַך מיט ווערבן,
אין אַ שטעטעלע ביי גרעניץ,
דערמאָנט זיך מיר אַ שטיבאַלע
אַ קליינינקע... אַ געניץ.
מיט קרײַט־ווײַס שענע ווענטאַלעך,
מיט שייבאַלעך... ווי שפּיגל;
פֿאַרמאַקליך*) שענע ביים טאַרנאַץ;
די טיר מיט שווערן ריגל.

*) פֿאַרקנס, צוימען.

און דאָרט... אין „קלייט" (אַ נאָמען נאָר,
ס'ניט פון קלייט די רעדע) —
דערזע איך שטיין אַ העלד־פיגור:
דאָס איז מיין פייַנער זיידע.
ער פענטעט דאָרט און שעפּטשעט צו
און אונטערשפּאַרט מיט לאַסטן
דאָס שווערע דעקל וואָס פאַרמאַכט
דעם געהאַמעוועטן קאַסטן.

ער גלעט זיך צו די יאַרמאַלקע
און גלייַכט זיך אויס די ברילן,
באַטראַכט אַ פּלושן זעקאַלע
פון טלית און פון תפילין;
אומזיסט די באָבע ס'פענצטערל
פון אַלקער האָט צונעמען,
אומזיסט איר רופן מיט געבעט —
דער זיידע איז פאַרנעמען.

אָט בינדט ער צו, אָט בינדט ער אויף
און איינמאָל ווי געפונען:
צוויי פעדים גראָע פון זיין באָרד
אין לייוונט איינגעבינדן.
אַ זיפץ פון האַרצן ווי אַ שאָרך,
דאָס שטילקייט האָט צעריסן:
„אַן־עזות־פּנים ווען באַרירט
זאָל גאָט אין הימל וויסן"!

ער איבערלעבט מיט ציטערניש,
ער וויל דאָס בילד פאַרטרייבן.
נאָר נענטער קומט עס קריק צו אים,
וויל אויף צולהכעיס בלייבן:
אָט טישן, זעק און מילטערס מעל,
און נאָך פאַרמעלטע צורות —
און אויבן פלאַקערט און סע פויקט
און ס׳שיבן זיך די שמירות.

אַ גרויסער קהל'ר און דער רב —
אויסגעקוקט זיך ביידע,
ערקלערנדיק אלץ ביז דער טיר,
זיי אונטערפירט דער ויידע.
אַ רגע שפעטער די געזעלן
צעקריגען זיך: „ר' לבן,
וואָס נודעט איר מיט כשרקייט!"
און באפאלן אים ווי כלבים.

ער אמפערט זיך מיט גוטע רייד,
נאָר ווער וויל אים דען הערן!
און איינער לאָזט זיך צו אים צו —
צו שפעט שוין דאָס ערקלערן:
„איר זענט ניט שולדיק, קינדערליך,
מסתם געווען דער שטן!" —
צוויי פעדים קלויבט דער זיידע אויף
פון זיין טלית קטן.

II.

און ווידער פענטעט, ווידער זוכט
און אונטערשפּאַרט די לאַסטן;
דער זיידע שלעפּט אַ טאָרבאַלע
פּאַמעליך פונם קאַסטן.
ער בינדט עס אויף און ווערט דערפרייט
און שטילערהייט באַטראַכט —
דעם זיידנס פּנים אַ געדאַנק
מיט הייליקייט באַלייכט.

ער זעט זיך ווידער יונג און שטאָלץ
צוריק אַסאַך מיט יאָרן...
ווען ער קיין מזרח האָט געטרוימט
און איז אַהין געפאָרן.
פול וווּנדער נאָר איז יעדער טריט,
ווער קען אַזויפיל ציילן? —
אין שענע לאַנגע ווינטער־נעכט
פלעג ער אָן שיר דערציילן.

פארטראַכטן זיך און זיפצנדיק
די באָרד זיך אונטערהאַלטן,
ערקלערן מיר אַזוי ווי גאָט
דעם ים־סוף האָט געשפּאַלטן.
וויזוי פון קנעכט די ייִדאַלעך
געוואָרן זענען פריי.
און ווי אַזוי אין תשעה באב
פאַרלוירן אויף ס'ניי.

זיין שטערן ציט זיך אים צונויף
זיין שמייכל זיך פאַרביטערט.
ער פּלאַפּלט שטיל אַזוי אַ סוד,
זיין גאַנצער קערפּער ציטערט:
„ווער ס'האָט אַ לאַנד, זאָל זיין חי קליין,
האַלט ניט דעם קאָפּ געבויגן!"
און שטילע טרערן קייקלען זיך
פון זיינע גראָע אויגן.

מיט טרויריקייט האָט ער פאַרלאָזט
די ווינקלען יענע שענע,
נאָר מיטגעבראַכט האָט ער מיט זיך
דאָס טאָרבאלע דאָס קליינע:
מיט ווייסער ערד פון הייליק לאנד,
וו מילגראמען בליען —
פאַר קבר ער עס אָנגעגרייט
זיין מידער קאָפּ זאָל רוען.

## III.

אין שטיבאלע אַ זומער־זון
האָט זיך אַריינגעציליעט,
דער אלטער ציטערט אין דער שטיל
אין שטראַלן איינגעטוליעט.
אַ זיסקייט וועבט אין ווינקאלעך
און וויל די צייט פאַרקניפּן

אין בענקעניש פון אלטער צייט
אין רעגעליך זיך זיפן.

דער זיידע גלעט זיין יאַרמאלקע
און מאַכט אַ מאָדנע מינע,
ער ראנגלט זיך און שלעפט שוין פריש
פון קאסטן — אַ מאַכיניע*).
אומזיסט די באָבע איר פענצטערל
פון אלקער האָט צונעמען:
אומזיסט איר רופן מיט געבעט —
דער זיידע איז פאַרנעמען.

ער וועגט דעם קלימעק אין די הענט,
און מעסט אים מיט די אויגן —
דער ריגל ריטשעט אין דער טיר...
זיך שטיל אַרויסגעצויגן.
אינדרויסן פריש: נאָר גרין און בלאָ

*) א משא



דער שמש פון דער אָפּגעברענטער שול

און ווייסע שמעטער שוועבען —
דער זיידע גייט מיט דריבנע שפאן
אין הייפאל'ע דערלעבן.

ער שלעפּט און בינדט אלץ פון אַ פּלאנט,
עס רינט פון אים די ריקע,
מיט קניפּן ציט אַ שטריקל אויס
פון פלייטל צו דער סוכה.
ער פּרוּווט צי איז דאָס שטאַרק געגוג,
צי וועט דאָס זיכער האלטן,
און דרייט זיך אויס צום סוכה'לע
און ברענגט וואָס ליגט באהאלטן.

פאמעליך און בנעימותדיק
האָט ער אויסגעצויגן
אַ פיינע קלאָרע לייוונט,
וואָס פעכלט אין די אויגן.
דער זיידע הייבט די אויגן אויף

דעם הימל ווי צו פרעגן:
ס׳בלאָנדזשעט ניט קיין כמאַרעלע,
קיין סימן ניט פון רעגן.

„ס׳טאָר אַ פלעק ניט זיין אויף איר״,
ער היט זי אָפּ כסדר —
„ס׳מוזן זיין ווי ווייסער שניי,
ביי מתים — זייערע קליידער״.
ער רעדט צו זיך און שאָקלט צו
און אַ שמייכאלע באהאלט ער:
„איך האָב געגנוג אַרשינען דאָ
פאַר מיר... און פאַר מיין אלטער״!

. . . . .

דער דרויסן פריש: נאָר גרין און בלאָ,
און זילבער שמעטער שוועבן —
ס׳זינגט אין לופט, ס׳זינגט אין גראָז,
ס׳זינגט פון זיך דאָס לעבן.

# ערב פסח

פרילינג־ווינטלעך, זילבער־שמעטער,
פליען, שוועבן פריש און ריין,
און די זון שיינט אינם דרויסן
ווי אַ קינדערישער חן.

אָפן זענען אַלע פענצטער,
טיר און טויער זענען ברייט.
אין די הייפלעך סאַמע בריות:
ציהען פירהענג, הענגען גרייט.

סטענגעס הענגען אויף די שטריקלעך,
כאָטש זיי טראָגן טויזנט לאַטעס;
יינגער פילן זיך די אַלטע,
נייער — ווייזן אויס די שמאַטעס.

און מע לופטערט, און מע פּראָשעט,
און ס'רעשט קיין עין הרע.
דאָ איז שקראַבעס, דאָרט איז דראַבעס —
ווו מ'שטייט איז אָרע קאָרע.

שטייט מען פּאָרנט שפּריצט דער קאַלעך,
אין די שטיבלעך זאַמד און ליים —
נאָר געבינדן וואָלט געזעסן
ערב פּסח אין דער היים!

אין דער גאַס אַ פאַרגעניגן,
רעדליך יידן ווי ביי זמירות,
חשבונען דעם פּרייז פון וויינען,
און פון מצות, און פון שמירות.

מיט דעם קאפטן, ווי צוויי פליגל,
ווילד, געאײַלט, גלײַך ווי ס'ברענט,
לויפט אַ ייד מיט באָרד צעפלאָסן,
מיט אַ קאפּהאָן אין די הענט.

אין דער אונטערגאס ביים שיפעט,
גרין די ווערבעס, ווײַס דער צוויט;
יינגע מיידלעך ווי די בלומען
דאָרטן מאַכן אַ ירידי.

פעסלעך, ברייטלעך, טעפּ און שיסל,
טובלען אלץ און ווידער שווענקען —
ווען כשר, ווען פסח
אין דעם שיפעט זיי דערטרענקען.

און זיי שפּאַסן, און זיי לאַכן,
מיט זייערע לאָקן שפּאַסט דער ווינט —
בלויער ווײַזט גאָר אויס דער הימל,
און דאָס לעבן מילדער רינט.

און פון ווייטער, און פון העכער
הערט זיך אַ מין זיס געזאַנג.
ס'איז דער כאָר וואָס קומט פון חדר —
צאַרטער, ריינער זילבער־קלאַנג.

מעלאָדיען פונם סדר,
אין דער לופט ווי בשמים שוועבן;
מעלאָדיען פון דער פרייהייט,
און פון שיינקייט, און פון לעבן.

# די מומע

זיבן — זאָגט מען — איז אַ ליגן,
נאָר ס׳איז גראָד אַ סברא,
אַז זיבן מענער האָט געהאַט
די מומע חיה שרה.

מיט בלאָע אויגן — פּאַצערקעס,
אַ הויכע, אַ ברייטע,
אַ מומע... נאָר אַ רביצין,
מ׳טרעפט ניט נאָך אַ צווייטע.

זי פלעג זיך שען אויס „שטערענען",
ביי קערמעשלעך זיך קהל'ן ;
און פריציש פלעג זיך גוידערן,
און טשיפילאווע מאַלן.

שטענדיק גאַרן אַ מעשה'לע,
אַ כאפ טון עפעס נייעס ;
אַ זיפצעלע, אַ שפּאַסעלע,
דאָס געווען איר חיורת !

נאָך וואַרעמעס, נאָך ווטשערע,
אין אויבער־גאס זיך שלעפּן —
דאָרט זענען ווילע גערטענדלעך
און לופט גענוג צו שעפּן.

כ'זע זי שטיין אַזוי פאַרטראַכט
מיט שמייכל אויף די ליפּן,
פאַרהילט מיט זיידענעם „באַריש",*)
פאַרצויגן שען מיט קניפּן.

*) שאל

איך הער זי אויף דער פולער וואָך
„גאָט פון אברהם" זאָגן:
„אסתר המלכה׳ס חן שענק מיר,
איר חן וויל איך פאַרמאָגן".

שוין טאַקע אלט, שוין טאַקע גראָ,
באלד ניינציק יאָר צערונען;
אַ מאַן אַ למדן װאָלט געוואָלט,
אַ חשובן געפונען.

זיבן — זאָגט מען — איז אַ ליגן,
נאָר ס׳איז גראד אַ סברא,
אַז זיבן מענער האָט געהאט
די מומע חיה־שרה.

# ווינטער

ס׳איז פאַרכמאַרעט און סע שנייעט, און סע וויעט, און סע שיט.
גערטנער, הייפלעך, סטעזשקעס, ווינקלען — אלצדינג איז
פאַרשנייט, פאַרשיט.
דעכער האָבן זיך געפּורעמט אַ משונה־פּעכן היטל,
און די ביימער ווי אום יום־טוב אָנגעטון מיט ווײַסע קיטל.

צווישן הויכע שנייען יאָגט דער נאָרד־ווינט און ער לויפט;
וויינט זיך בעטלעריש ביי טירן, און אין קוימען בלאָזט און פייפט;
ווונדער־שענע בלומען אויף די פענצטער שניצט דער פראָסט,
קרעכצנדיק, די שוואַרצע ראָבן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט.

פוסט דער דרויסן און סע טונקלט; קליין דער טאָג — סכנות קליין,
ערשט די נאַכט פארגאן און אָט פאלט ווידער — גלייך
ס׳וואָלט קיין טאָג געווען.
פויערן מיט גרויסע פעלצן און מיט קוטשמעס און מיט „גלאָגעס״*),
איינגעהויקערט פאָרן, בריאזען אויף די שליטענע קאָטיוגעס.

*) באשליק, קאַפּיושאָן

סמוטנע קאַלט און אַלץ אַרום איז ווי פאַרגליווערט און פאַרטראַכט,
און אויף איינמאָל, גאָר אינגאַנצן, שטאַרבט דער דרויסן אין
דער נאַכט.
אין פאַרשטאַרצטן בילד פון ווייַטנס לאָזט זיך קליינע לעכטלעך זען
און די הינט זיך לאָזן הערן, ווי אַ יאָמערליך געוויין.

נאָר ווי שיין איז אינם שטיבל, און ווי פריילעך, און ווי טייער,
ווען ס'איז לעכטיק, און ס'איז וואַרעם, און ס'פלאַמט און פויקט
דאָס פייער.
און די קינדער מיט די טאָרבעס אויף די גאַסן סעדעווען,
און קאָם זעען לעכט אין פענצטער — קלינגען און „קאָלעדעווען".

אַ באַזונדער פאַרגעניגן איז צו לעזן און צו שרייבן,
זיך פאַרטראַכטן און פאַרגעסן און דאָס טרויעריקייט פאַרטרייבן.
און דער טשייַניק זינגט זיך איינזאַם אין אַ ווינקל אין דער זייַט,
און דער זייגער ווי אַ וועכטער ריטמיש קלאַפּט און מעסט די צייַט.

# צווישן שייַנען

צווישן שײַנען
בלאָע שטערן,
צאַרטע חנען,
שטילע טרערן.

יאָרן ווײַטע
מיך פאַרטראַכטן
און מיר דאַכט זיך:
ס׳איז ערשט נעכטן!

די אלטע היים,
די ליבע טרייסט —
דאָס שטעטעלע
מיין שיינע נעסט:



מיהאַלען : ביי דער קערניצע

טייך און וועלדלעך
ווי זעפירן
רופן ווידער
מיך שפּאַצירן.

גערטנער שטילע
און צווישן
שולן, קלויסטערס
זיך פאַרמישן.

אונטערגעסליך
ריינע, שטומע.
ווי אין חלום
שטיבלעך קרומע.

° ° ° °

זומער־אָוונט
מיט זיין פּראַכט ;
אין שפּעטער נאַכט
כ׳בלאָנדז פאַרטראַכט.

אין די ווינקלען
שאָטנס הוידען
ווי פאַרכישופט
שפּילן, סוידען.

פוסט און ליידיק
די „טאַראָבעס"; (*
קאַצן־מוזיק,
גרילן, זשאַבעס

זיך פאַרד־זערן
אין געוועטן
און פאַרהודען
מיט קאָנצערטן.

אויף דעם הימל
אַ מתנה:
ווײַס ווי קאַלעך —
די לבנה.

---

*) שטעלעכלעך

# שטילע טרערן

שטילע טרערן,
שטילע טרערן.
קיינער זאָל דיך ווייגען הערן,
זאָל דיין האַרץ זיין ווי צעריסן,
דאַרף אַ צווייטער דיך ניט וויסן.

שטילע טרערן,
שטילע טרערן
לאָז פון דיינע אויגן טרערן,
וועט זיך דיר דיין האַרץ צעבינען,
אין דיין רו וועסט ביי געווינען.

שטילע טרערן,
שטילע טרערן
צו די וונדער־קוואלן געהערן:
ליבע, בענקשאפט, וווּנד און ווייען
ווי אַ באַלזאַם לייכט פאַרגייען.

שטילע טרערן,
שטילע טרערן
אײדלע װײַסע בלומען װערן
װער זײ שאַצן קען אין לעבן
און װער פֿרײד געפֿונט אין שטרעבן.

שטילע טרערן,
שטילע טרערן
פֿון באַדױערערס דיך װערן —
שטענדיק בלײַב מיט דיר אינאײנעם,
גלײַב ניט, װענד זיך ניט צו קײנעם.

שטילע טרערן,
שטילע טרערן!
איר זענט מײַנע טרײסט־באַגערן:
מײַנע בעסטע גוטע ברידער,
מײַנע אומשולדיקע לידער.

## רעשעטניקעס*)

קאָם איז נאָר
די נאַכט פארגאנגען
און די שײַנען זיך צעקניפּן,
שווערע טריט
צו מיר דערלאנגען
פון געאײַלטע רעשעטניקעס
מיט די גרויסע זיפּן.

*) ווייצן־זיפּערס

ווייל אויף זיי
פול אָנגעשלאָגן
וואַרטן ריזיקע אַמבאַרעס;
און אַדהין
די סוחרים יאָגן —
וועגן לויפן און פאַרהודען
נ׳שטויב ווי שוואַרצע כמאַרעס.

דאָרטן שוין
די רעשעטניקעס
ווען די פלינקע הענט צעפירן,
פליהען פונקען,
רינען ריקעס*).
בערגער גאָלד — אַ ממון קורח
רעשעטניקעס רירן.

*) ריקעס — טייכן שווייס

פינצטער ווערט,
די זיפּן ריטשען,
זערנעס שפּרינגען און זיי „טיטשען"
אָן אַ שיעור;
די מענטשן קווימשען
ווי נישט ריינע אין גיהנום,
רעשעטניקעס „מיטשען".

און ווען שפּעט
דאָס גאנץ געפילדער
רעשט זיך אָפּ, ווייל אָוונט פאלט —
ווי די רוחות,
שווארצער, ווילדער
עפן אויס די רעשעטניקעס;
און די ווייצן — רענדליך גאָלד.

וויפל גאָלד
פון אייביק בלישטשעט
צום פאַרדאַנק פון „רעשעטניקעס״?
אָט אַזוי:
מ׳ליעבט, מ׳מוטשעט —
איינעם קערן גאָלד אַלץ טיטשעט,
איינעם טרערן, מיסט און ריקעס.

קאָם איז נאָר
דער טאָג פאַרגאַנגען,
און די שאָטנס זיך צעקניפּן,
שווערע טריט
צו מיר דערלאַנגען
פון געפּלאָגטע רעשעטניקעס
מיט די גרויסע זיפּן.

# ווען איך קוק אין הארבסט אויף ביימער

ווען איך קוק אין הארבסט אויף ביימער
פיל איך אין מיין הארץ אַ ווײ —
ווייל די קאַלטע מערב־ווינטן
נאַקעט, אָרעם לאָזן זיי.

פאלט אַ בלאַט... און נאָך אַ בלעטל...
און נאָך פאַלן אָן אַ מאָס...
ביימער וויינען אין די גערטנער,
בלעטער וויינען אויפן שטראָס.

• • • • •

בין איך ווי אַ בוים אין האַרבסט־טעג,
אָנגעצוויקט פון ווינט און רעגן
און מיין האָפנונג — די חלומות —
ווי די בלעטער אויף די וועגן.

# דער שיפעט

אונטער קליינעם בערגאלע,
עפעס רינט און כליפעט —
צווישן וועגט פון שטיינדאלעך
קוועלט דער קאלטער שיפעט.

אונטער קליינעם בערגאלע
עפעס טרילט און דהיפעט —
מיידאלעך מיט קענדאלעך
פלוידערן ביים שיפעט.

אונטער קליינעם בערגאלע
עפעס קלאפט און סקריפעט —
יינגאלעך פון חדר׳ל
שפיל׳ן זיך ביים שיפעט.

אונטער קליינעם בערגאלע
לויפט אָן — קאָם וואָס זיפעט —
אַ קעלבאלע פון טשערעדע
זיך אָנטרינקען ביים שיפעט.

אונטער קליינעם בערגאלע
גאָגערט און סע טשיפעט —
קאַטשקעלעך און גענדזאלעך
באָדן זיך אין שיפעט.

אונטער קליינעם בערגאלע
דופטעט פריש און צוויטעט —
דער פרילינג פלאטערט אין דער לופט
און שפיגלט זיך אין שיפעט.

ל. בערטיש שטאמט פון מיד־האַלען — אַ גרעניץ־שטעטעלע אין דער מאָלדאָווע.

פון דאָרט האָט ער מיטגעבראכט, מיט קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר צוריק, אַ אייגנאַרטיק געפיל פאַר צאַרטע יידישע שטעטל־מאָטיוון, וועלכע ער האָט מיט אַ סך ליבע געפורעמט אין וואָרט און אין פאַרב. (די צייכנונגען וואָס קומען אַריין אין בוך זענען געמאָלן פונם מחבר).

אָפּגעריסן פון יידיש־שפּעריש וואָרט אין סביבה — איז דער דאָזיקער חסרון ביי בערטישן מגילגל געוואָרן אין אַ מעלה: זיינע לידער (שפּראַכליך און בילדליך) שווימען אין ים פון יידישן פּרימיטיוו (די שול, דער עמוד, דער זיידע א. א.) און זענען באַשאַנקען מיט אַ שפע פון קינדערישן חן (ר' פישל, אויפן קלויסטער־דאַך, די מומע).

די „שטילע ווינקלען" וועלן בלי ספק אויפגענומען ווערן מיט קוריאָזיטעט און אינטערעס פון יידישן לייענער, וואָס קומט לליידער זייער זעלטן אין באַרירונג מיט אַ יידישן דיכטער פון מאָלדאָווע.

פאַרלאַג „שלום עליכם".

## אינהאַלט:



מיכאַלעץ — אַ ווינקל